



אבאנאמענטס־פרייז פיר רוססלאנד:
יעהרליך 3 רובל, האלב־יעהרליך 1.50 רובל
פירטעל־יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג"
נור 5 רובל יעהרליך, האלב־יעהרליך 2.50
רובל, פירטעל־יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ.
40 העללער.

פרייז פיר מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ.
40 העללער, 50 פפעניג.

די אדרעסע פיר רוססלאנד:
Издательство „ТУШІЯ"
ВАРШАВА
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ".

**א צייטונג פיר יודישע פרויען און פאמיליע.**

ערשיינט יעדע וואך

רעדאקטארען:

| פיר פובליציסטיק און וויסענשאפט. | פיר בעלעטריסטיק און פראווינץ־אבטהיילונג: |
|---|---|
| ד"ר ה. ד. הורוויץ. | מ. ספעקטאר. |

פערלאג „פאלקס־בילדונג".

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 7.50 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 3.75 "
פירטעל־יעהרליך . . . . 1.90 "
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר 6 שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג"
יעהרליך 12.50 קראנען; 11.20 מארק;
11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך
און פירטעליעהרליך לויט דיעזע רעכנונג.

די אדרעסע פיר עסטרייך־אונגארן
און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Frauenwelt"
Krakau, Krakauergasse 12.

Krakau, 6 August 1902. | Nr. 6 | קראקוי, [illegible] אב תרס"ב.




## שטומע קינדער.

שטומע קינדער זענען די, וואס האבען ניט קיין לשון. וואס הייסט אבער: האבען א לשון און וואס הייסט: נישט האבען קיין לשון?

האבען א לשון, מיינען אסך מענשען, הייסט אזוי פיעל, ווי האבען געוויסע קולות, וואס זענען „סימנים, צייכען פאר אונזערע בע־גריפען און געדאנקען". דורך די דאזיגע קולות קענען מיר איבערגעבען אונזערע געדאנקען דעם אנדערען, און ער פערשטעהט אונז.

דאס איז גערעדט מכח א לשון בכלל, איין אייגענער לשון אבער, וואס דער מענש בעקומט בירושה פון זיינע עלטערען, איז ניט גלאט עפעס א צייכען פון א געדאנק, נאר גאנץ וואס אנדערש.

איין אייגענע שפראך איז א טהייל פון אונז זעלבסט; יעדעס ווארט, יעדער קלאנג פון איהר איז צוזאמענגעוואקסען מיט אונזערע געפיהלען, מיט אונזערע זארגען און פריידען, מיט אונזער ליעבע און שנאה, מיט אונזערע חלומות און האפנונגען.

קיין שפראך איז נישט געבוירען געווארען אין איין טאג, נישט אין איין יאהר, נישט אפילו אין הונדערט יאהר.

טויזענדטער יאהרען זענען אריבער ביז פון די ערשטע קולות פון דעם מענשען, האט זיך אויסגעבילדעט א שפראך.

די ערשטע שפראך פון דעם מענשען האט אויסגעדריקט מעהר געפיהלען ווי געדאנקען. אז דער מענש האט געפיהלט א גרויסע פרייד אדער א שטארקען וועהטיג — האט ער דאס אויסגעשפראכען דורך פערשיעדענע קולות און תנועות. די ערשטע מענשליכע שפראך איז אפשר געווען עפעס א מין געזאנג, טהיילמאלם א משונה ווילדער געזאנג אין וועלכען דער פארצייטיגער מענש האט אויסגעגאסען די הייסע, אבער פערפלאנטעטע געפיהלען און וואונשע, וועלכע האבען געלעבט אין זיין קינדער'שער נשמה. זיין מוח איז נאך צו שוואך געוועזען און האט נישט געקאנט פערטראגען די שווערע משא פון געדאנקען.

ביסלעכווייז האט זיך דער מענשליכער געדאנק אויסגעבילדעט און אבגעטהיילט פון די געפיהלען און וואונשע. ביסלעכווייז האט דער מענשליכער שכל זיך געשטארקט. מיט דעם שכל צוגלייך האט זיך די שפראך אויך אויסגעבילדעט, און זינגען און רעדען זענען צוויי באזונדערע וועלטען געווארען: אין זינגען האבען זיך אבגעשפיגעלט די געפיהלען און אין רעדען — די געדאנקען.

און דאך בלייבט אין יעדער מוטער-שפראך עטוואס פון מוזיק און געזאנג, זי האט נאך אין זיך א שטיק כח פון יענע שענע און ווילדע געפיהלען, מיט וועלכע זי איז געווען פערבונדען אין די פריהערסטע צייטען פון דער מענשליכער געשיכטע.

יעדער דור ירש'ענט פון דעם פריהערדיגען איין אוצר פון קענטעניישען, געפיהלען און בעדערפנישע, אויך אלערליי מאטעריעלע מיטלען, ווי צו בעפריעדיגען די בעדערפנישע, — דורך דער דאזיגער ירושה פיהלט זיך דער נייער דור צוגעבונדען צו די פריהערדיגע דורות.

די שורה פון טויזענדטער דורות, וואס האבען געארבייט אויך פאר די שפעטערע צייטען — גיט צו יעדעם מענשען פון נייעם דור מעהר מוטה און קוראזש, מעהר כחות און מעהר גלויבען אין אייגענע כחות — און דורך דעם גופא ווערט איהם אסך גרינגער ווייטער צו געהען, ווייטער צו בילדען זיך, ווייטער צו ראנגלען זיך פאר די שטענדיגע פערבעסערונג און פערצייעלונג פון דעם מענשליכען קיום.

און אין דער ירושה, וואס יעדער דור בעקומט פון די פריהערדיגע דורות, שפיעלט א גאנץ גרויסע ראליע די מוטער-שפראך.

די מוטער-שפראך, קען מען זאגען, איז דאס ערשטע און וויכטיגסטע מיטעל, דורך וועלכעס מיר קענען ערשט ירש'ענען פון אונזערע עלטערען דאס גאנצע גוטס, וואס זיי האבען פאר אונז געלאזען; ווארום נאר דורך די שפראך געבען אונז אונזערע עלטערען איבער אלע זייערע קענטנישע; און אויך יעדעם געפיהל, יעדער וואונש — האט פאר אונז זיין אויסדרוק, זיין ווארט.

די מוטער-שפראך אליין ברענגט צו ערשט דעם יונגען קינדער'שען אויהער — די ליעבליכע ווערטער, די ערשטע זיסע ליעדער, וואס אונזער מוטער רעדט און זינגט ביי דעם קינדס וויעגעלע. די מוטער-שפראך זויגט אין זיך איין די גרויסע קראפט און הייסקייט פון דער מוטערשער ליעבע און איבער-געבענהייט צו איהר קינד.

יעדעס ווארט, יעדער קלאנג פון דער מוטער-שפראך איז דער-ריבער ווייכער און הארציגער פון אלע אנדערע שפראכען.

אויסער דעם איז די שפראך, ווי מיר ווייסען, א מיטעל אויסצוטוישען אונזערע געדאנקען מיט אנדערע מענשען, אבער די אנדערע מענשען, מיט וועלכע מיר רעדען דאס רוב — זענען געוועהנטליך אייגענע מענשען, דאס הייסט, ברידער פון איין פאלק, מענשען צו

# פעליעטאן.

## ווער ווייסט?

אראמאן אין צוויי טייל

פון

שלום-עליכם

(פארטזעטצונג).

### IV.

### די טוידטע גאס מיט איהרע איינוואהנער און דינה מיט איהרע פריידען און ליידען.

איין גאס איז פאראן אין מאזעפעווקע אזעלכע וואס מע רופט זי די „טוידטע גאס". קעהרט איהר מיינען אז זי הייסט אזוי דערפאר ווייל זי איז טוידט, ס'איז דארט נישטא קיין לעבען? האט איהר א טעות. אדרבה, דא איז שוין צופיעל לעבען, יודען זיצען דא קאפ אויף קאפ אין א שרעקליך איינגעשאפט, ארערשטיקעניש, עטליכע משפחות אין איין שטיבעל, עטליכע בעל-הבית'טעס ביי איין אויווען, א קליידטיל אויף א קליידטיל, און קומט זומער קריכען ארויס אויף דער גאס ווי ווערעם קליינער קינדער, נאקעטע און בארפיסע, וואלגערען זיך אויפ'ן מיסט אדער זיי פאליאסקען זיך אין דער בלאטע. מענשען קיין עין-הרע איך און אפ, צום מיינסטען אָרעמע לייט, געהען ארום מיט פארטארעראמטע פנימ'ער, וואס אויף זיי שטעהט אויפגעשריבען מיט גרויסע אותיות: „וואו נעמט מען אויף שבת?"... קרעמערס קוקען ארויס אויף קונים, סוחרים דרעהען זיך ארום טאמער וועט מען עפים האנדלען, בעלי-מלאכות הארעווען, מלמדים קנעלען, חזנים לערנען זיך זינגען, ארימע לייט געהען איבער די הייזער און ווייבער קיין עין-הרע אויך נישט צופערזינדיגען, מיט קאשעקעס און אהן קאשעקעס, אלערליי מינים און געשטאלטען, לאנגע און קורצע, אפגעריסענע, געזונדע און יאדישליווע, אזעלכע וואס מוזען זיך אפשטעלען אלע מינוט זיך אויסהיסטען — אלע לויפען, אלע האפען זיך, מע האט קיין צייט ניט, אלע רעדען, שרייען, ליארעמען, פולדערען גלייך ווי ביי זיך אין דער היים, עס קאכט ווי אין א קעסיל אויף דער „טוידטער גאס".

ווי באלד אזוי, פאר וואס זשע רופט מען זי די „טוידטע גאס"? — דערפאר ווייל זי שטעהט אויף יענער זייט בריק, ניט ווייט פונ'ם בית-עלמין, און פערביי איהר טראגט מען דורך אלע טוידטע. די איינוואהנער פון דער טוידטער גאס זענען שוין אזוי געוואהנט געווארען צו דער שווארצער מטה מיט'ן שווארצען צודעק מיט'ן קלאפ פון דער פישקע „צדקה תציל ממות", אז ס'איז ביי זיי א וואכענדיגער גאנג; זיי שטעלען זיך נאר אפ אויף א ווייל און טהון א פרעג: „ווער איז געשטארבען"? און געהען ווייטער.

אט דא אויף דער גאס איז געבאהרען געווארען, ערצויגען געווארען און אויסגעוואקסען אונזער שענע דינה ווי מע זאגט אויף גאט'ס חסדים און אויף לייטישע גענוד, ווייל איהר פאטער און מוטער זענען געווען ביידע

וֶועלְכֶע עֶס צִיהט אוּנְזֶער הַארְץ, צוּ וֶועלְכֶע מִיר פִיהלֶען אָפְט אַ גֶעפִיהל פוּן הֵייסֶע לִיעבְּשַׁאפְט אוּנ קְרוֹבָה'שַׁאפְט.

דִי מוּטֶער־שְׁפְּרַאךְ אִיז דֶערִיבֶּער אוֹיךְ אוּנְזֶער נַאצְיַאנַאל שְׁפְּרַאךְ, וָואס פֶערְבִּינְדֶעט אוּנְז מִיט אוּנְזֶער גַאנְצֶען נַאצְיָאן. אִין אִיהר שְׁפִּיעגֶעלְט זִיךְ אָב דִי שַׁאפוּנְגְס־כֹּחַ פוּן דֶעם גַאנְצֶען פָאלְק. זִי וִוירְקְט אוֹיף אוּנְזֶער פַאנְטַאזְיֶע, אוֹיף אוּנְזֶער וִוילֶען, אוֹיף אוּנְזֶער גַייסְט אַזוֹי שְׁטַארְק, אַזוֹי טִיעף, וִוי עֶס וִוירְקְט דָאס גַאנְצֶע פָאלְק אוֹיף יֶעדֶער אֵיינְצִיגֶען מֶענְשֶׁען פוּן אִיהם...

אַלְץ, אַלְץ זָאגְט זִיךְ אַרוֹיס אִין אוּנְזֶער אֵייגֶענֶער שְׁפְּרַאךְ: דִי הֵייסֶע לִיעבֶּע פוּן דֶער מוּטֶער אוּנ פָאטֶער, דֶער גְרוֹיסֶער כֹּחַ פוּן דֶער נַאצְיָאן — דִי גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטְלִיכֶע אוֹיסְבִּילְדוּנְג פוּן דֶעם מֶענְשֶׁען, אוּנ דֶערוּם קֶען נָאר דִי אֵייגֶענֶע שְׁפְּרַאךְ אוֹיפְמוּנְטֶערֶען אוּנ בֶּעלֶעבֶּען דֶעם מֶענְשְׁלִיכֶען שֵׂכֶל אוּנ וִוילֶען. זִי אַלֵיין וֶועקְט דִי אֵיידֶעלְסְטֶע אוּנ רַייכְסְטֶע גֶעפִיהלֶען אִין דִי פַארְבָּארְגֶענְסְטֶע ווִינְקֶעלֶעךְ פוּן אוּנְזֶער נְשָׁמָה, אִיהרֶע וֶוערְטֶער אַלֵיין קְלִינְגֶען אִין אוּנְזֶער אוֹיהֶער וִוי דִי שֶׁענְסְטֶע מֶעלָאדְיֶע.

פְרֶעמְדֶע שְׁפְּרַאכֶען קֶען מֶען אוֹיסְלֶערְנֶען, מִיט אַ אֵייגֶענֶער שְׁפְּרַאךְ וֶוערְט מֶען גֶעבּוֹירֶען; דֶער מֶענְשׁ קֶען רֶעדֶען אַסךְ שְׁפְּרַאכֶען, אוֹיסְדְרִיקֶען זַיינֶע **טִיעפְסְטֶע** גֶעפִיהלֶען קֶען עֶר נָאר אִין זַיין אֵייגֶענֶער שְׁפְּרַאךְ.

(עֶנְדֶע קוּמְט).

נ. טְשֶׁערְנְיַאק.

# דִי פְרוֹיעֶנ־וֶועלְט.

I.

## אַלְגֶעמֵיינֶע נַייעֶס.

(**גֶעגֶען שֶׁענְדְלִיכֶען הַאנְדֶעל**). נִישְׁט לַאנְג אִיז אִין פַּארִיז גֶעוֶוען אֵיין אֲסֵפָה אוֹיף וֶועלְכֶע עֶס זֶענֶען זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶעקוּמֶען מֶענְשֶׁען פוּן אַלֶע מְדִינוֹת פוּן דֶער וֶועלְט, כְּדֵי זִיךְ אַיין עֵצָה צוּ הַאלְטֶען וִוי מֶען זָאל דֶעם שֶׁענְדְלִיכֶען הַאנְדֶעל אוֹיסְרָאטֶען. דֶער פְרַאנְצוֹיזִישֶׁער פְּרֶעזִידֶענְט לוּבֶּע הָאט דִי חֲבֵרִים פוּן דֶער אֲסֵפָה זֶעהר פְרַיינְדְלִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען. דֶער שְׁווֵייצַארִישֶׁער גֶעזַאנְדְטֶער הָאט זִיךְ צוּם פְּרֶעזִידֶענְט גֶעוֶוענְדֶעט מִיט אַ פְּרָאיֶעקְט, מֶען זָאל מַאכֶען אַ גַאנְצֶען גֶעזֶעצְבּוּךְ גֶעגֶען דִי וָואס בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען זִיךְ מִיט דֶעם דָאזִיגֶען הַאנְדֶעל; דָאס גֶעזֶעצְבּוּךְ זָאל גִילְטֶען פַאר אַלֶע לֶענְדֶער אוּנ מְדִינוֹת. מֶען זָאל נִישְׁט מִיט גֶעלְד־שְׁטְרָאף נָאר מִיט שְׁטְרֵיינְגֶען אַרֶעסְט וּכְדוֹמֶה בֶּעשְׁטְרָאפֶען. אוֹיךְ זָאל מֶען אַיינְפִיהרֶען אַיין עֶקְסְטְרַא פָּאלִיצֵיי, וָואס זָאל זִיךְ פֶערְנֶעהמֶען נָאר מִיט נָאכְפָארְשְׁטֶען אוּנ אוֹיפְזוּכֶען דִי מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען אַ טְהֵייל אִין דֶעם. מֶען הָאט אוֹיךְ פָארְגֶעלֵייגְט מִיטְלֶען וִוי צוּ הֶעלְפֶען דִי וֶועלְכֶע זֶענֶען שׁוֹין אַרַיינְגֶעפַאלֶען אִין זֵייעֶר נֶעטְץ, אוּנ דֶער עִיקָר צוּ זָארְגֶען פַאר דִי מֵיידְלֶעךְ וָואס קוּמֶען אָן אִין דִי גְרוֹיסֶע שְׁטֶעדְט אוּנ הָאבֶּען נִישְׁט קַיין בֶּעקַאנְטֶען, צוּ וֶועמֶען זִיךְ צוּ וֶוענְדֶען אוּנ דָאס רוֹב פַאלֶען דֶערִיבֶּער אַרַיין אִין שְׁלֶעכְטֶע הֶענְד.

(**דִי רוּסִישֶׁע פְרוֹיעֶנ־בִּילְדוּנְג אִין פְּרֵייסֶען**). דֶער פְּרֵייסִישֶׁער מִינִיסְטֶער פַאר פָאלְקְס־בִּילְדוּנְג הָאט אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַ גֶעזֶעטְץ, אַז דִי פְרוֹיעֶן וֶועלְכֶע הָאבֶּען אַ דִיפְּלָאם אַז זֵיי הָאבֶּען גֶעעֶנְדִיגְט אַ רוּסִישֶׁע פְרוֹיעֶנְ־גִימְנַאזְיוּם קֶענֶען דֶערְמִיט אַלֵיין נָאךְ נִישְׁט אַרַיינְקוּמֶען אִין דִי דַייטְשֶׁע אוּנִיוֶוערְזִיטֶעטֶען, אֲפִילוּ וֶוען זֵיי זָאלֶען דֶערְנָאךְ בְּרֵיינְגֶען אַ דִיפְּלָאם, אַז זֵיי הָאבֶּען צוּ הוֹיז גֶעלֶערֶענְט לַאטֵיינִישׁ אוּנ הָאבֶּען אוֹיסְגֶעהַאלְטֶען דֶערוֹיף אַיין עֶקְזַאמֶען, קֶענֶען זֵיי אוֹיךְ נִישְׁט אַרַיינְגֶענוּמֶען וֶוערֶען. וָואס עֶס אִיז נוֹגֵעַ צוּ דִי פְרוֹיעֶן וָואס מֶען הָאט זֵיי שׁוֹין אַרַיינְגֶענוּמֶען אִין דִי אוּנִיוֶוערְזִיטֶעטֶען, וֶועלֶען קֶענֶען קוּמֶען הֶערֶען דִי לֶעקְצְיֶעס.

(**פְרוֹיעֶן דָאקְטוֹירִים**). צְוִוישֶׁען דִי 31 קַאנְדִידַאטֶען וָואס הָאבֶּען נִישְׁט לַאנְג אִין ווִיעֶן גֶעמַאכְט זֵייעֶר דָאקְטָאר עֶקְזַאמֶען, גֶעפִינֶען זִיךְ צְווֵיי דַאמֶען, אֵיינֶע אִיז גֶעוָוארֶען דָאקְטָאר פוּן פִילָאזָאפְיֶע אוּנ דִי צְווֵייטֶע דָאקְטָאר פוּן גֶעשִׁיכְטֶע אוּנ פִילָאלָאגְיֶע.

(**פְרוֹיעֶן מוּזִיק־לֶעהרֶערִינֶען**). דֶער מִינִיסְטֶער פַאר פָאלְקְס־בִּילְדוּנְג הָאט עֶרְלוֹיבְּט אִין וַוארְשַׁא פְרוֹיעֶן צוּ וֶוערֶען מוּזִיק־לֶעהרֶערִינֶען אִין

---

מַארְק־מֶענְשֶׁען; עֶר, יְהוֹשֻׁעַ־יֶענְקֶעל, הָאט זִיךְ אַרוּמְגֶעדְרֵעהְט אִין מַארְק, טָאמֶער אַ פָּרִיץ, טָאמֶער אַ פֶערְדִינְסְטִיל, טָאמֶער דָאס, טָאמֶער יֶענְץ (פַּארַאן אַסךְ אַ זֶעלְכֶע אִין מַאזֶעפֶּעווְקֶע וָואס לֶעבֶּען פוּן „טָאמֶער") אוּנ זִי, לֵאָה דִי צֶעלְנִיקֶערִין, אִיז גֶעוֶוען דִי אֵשֶׁת חַיִל, גֶעפִיהרְט אַ צֶעלְנִיק קְרָאם בִּירוּשָׁה פוּן אִיהר מוּטֶער חַוָה'לֶע, דִי צֶעלְנִיקֶערִין. וָואס הָאט לֵאָה גֶעהַאט פוּן דֶער קְרָאם אִיז שְׁוֶועהר צוּ וִויסֶען, עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶעבָּאמְבֶּעלְט דָארְט עֶטְלִיכֶע קֶערְבְּלִיךְ, מֶע הָאט גֶעצוֹיגֶען פוּן אִיהר וָואס מֶע הָאט גֶעקָאנְט, אוּנְטֶערְפְרִישֶׁען אִיז נִיט גֶעוֶוען מִיט וָואס, גֶעמוּטְשֶׁעט זִיךְ וִוי אַלֶע קְרֶעמֶער אִין מַאזֶעפֶּעווְקֶע, אַבִּי זִיךְ שֵׁען אוֹיסְגֶעהַאנְדֶעלְט מִיט דֶער וֶועלְט, חָלִילָה נִישְׁט אָנְגֶעזֶעצְט קֵיינֶעם. פֶערְנוּמֶען אוּנ פֶּערְטַארֶערַאמְט אִיז זִי גֶעוֶוען כְּסֵדֶר וִוי אַ גְרוֹיסֶער סוֹחֵר, בֵּייז זָאל גָאט שׁוֹמֵר וּמַצִיל זַיין, פְלֶעג קוּמֶען פוּן קְלֵייט פַארְנַאכְט אַהֵיים אוֹיסְגֶעמִידְט, הוּנְגֶערִיג אוּנ בְּרוֹגֶז אוֹיף אִיהר מַאן, דֶעם שְׁלִים־מַזָל, שְׁרַייעֶן אוֹיף אִיהם אוּנ שֶׁעלְטֶען אִיהם מִיט טוֹידְטֶע קְלָלוֹת, אוֹיסְלָאזֶען צוּ אִיהם דָאס גַאנְצֶע בִּיטֶער הַארְץ. דִינָה הָאט שׁוֹין גֶעוואוּסְט, אַז דִי מַאמֶע הָאט דֶערְמָאלְט גֶעהַאט אַ שְׁלֶעכְטֶען טָאג, — קַיין גֶעלְד נִישְׁט גֶעלֵייזְט; אוּנ מַחֲמַת אַזֶעלְכֶע טֶעג זֶענֶען גֶעוֶוען בַּיי לֵאָה'ן אָפְטְלִיךְ, פְלֶעג נֶעבִּיךְ אִיהר פָאטֶער הָאבֶּען בִּיטֶערֶע נֶעכְט, אוֹיסְהֶערֶען פוּנְ'ם וַויבּ דִי גַאנְצֶע תּוֹכָחָה, אָנְרוּקֶען דָאס הִיטֶעל אוּנ שְׁווַייגֶען — דָאס בֶּעסְטֶע מִיטֶעל, וָואס קָאן נָאר זַיין אוֹיף דֶער וֶועלְט קֶעגֶען אַ וַויבּ אַ שְׁלַאק. דִינָה הָאט רַחֲמָנוֹת גֶעהַאט אוֹיף אִיהר פָאטֶער. זִי פְלֶעג שׁוֹין פִיהלֶען נָאכ'ן קְלוּנְג פוּן דִי שְׁלִיסֶעל, וֶוען דִי מַאמֶע אִיז אִין כַּעַס אוּנ וֶוען נִיט, דָאס הֵייסְט, וֶוען זִי הָאט גֶעלֵייזְט גֶעלְד אוּנ וֶוען נִיט, אוּנ דִינָה פְלֶעג בֶּעטֶען גָאט, תְּפִלָּה טְהוּן שְׁטִילֶערְהֵייד: „רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, דֶערְבַּארְמִיגֶער פָאטֶער, טְהוּ אַ נֵס, אַז דִי מַאמֶע זָאל הַאנְט לֵייזֶען אַסךְ גֶעלְד, גָאטֶעניוּ, זִיסֶער, הַארְצִיגֶער, גֶעטְרַייהֶער!"... נִישְׁט אַלֶע מָאל הָאט דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם צוּגֶעהֶערְט אִיהר תְּפִלָּה; לֵאָה הָאט גֶעלֵייזְט קַדַחַת נִיט קַיין גֶעלְד, אוּנ יְהוֹשֻׁעַ יֶענְקִיל נֶעבַּאךְ אִיז אוֹיסְגֶערִיסֶען גֶעוָוארֶען, גֶעטְרָאגֶען אוֹיף זִיךְ דֶעם גָלוּת פוּנְ'ם וַויבּ, דֶער גְרֶעסְטֶער גָלוּת אוֹיף דֶער וֶועלְט, דֶער גָלוּת וָואס צִיהט זִיךְ פוּן אוּנְזֶער עֶלְטֶער עֶלְטֶער זֵיידֶען אָדָם הָרִאשׁוֹן אוּנ וָואס עֶר וֶועט זִיךְ נָאךְ צִיהֶען אוּנ צִיהֶען כָּל זְמַן אַ מַאן וֶועט הָאבֶּען אַ וַויבּ... אַ שְׁטִיקֶעל גְלִיק וָואס אַ יוּד טְרִינְקְט נִישְׁט קַיין בְּרָאנְפֶען אוּנ הָאט מוֹרָא פַאר גָאט, אַ נִיט וָואלְט יְהוֹשֻׁעַ יֶענְקֶעל זִיךְ גֶענוּמֶען צוּם פְלֶעשֶׁעל, וָואלְט גֶעוָוארֶען אַ שִׁכּוֹר אוּנ וָואלְט גֶעשְׁלָאגֶען דָאס וַויבּ... דִי גֶעשֶׁעפְטֶען זֶענֶען בַּיי אִיהם גֶעגַאנְגֶען שְׁלֶעכְט, קַיין גֶעלְד הָאט זִיךְ נִישְׁט פֶערְדִיעֶנְט, צָרוֹת הָאט עֶר גֶעהַאט גֶענוּג, הָאט עֶר זִיךְ מְיַשֵׁב גֶעוֶוען, הָאט אַ שְׁפַּיי גֶעטְהוּן אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ הָאט זִיךְ אַרַיינְגֶעלָאזְט גָאר אִין שְׁטָאדְט זַאכֶען, גֶעוָוארֶען אוּמֶעדוּם אַ קָאכְלֶעפֶעל. וואוּ עֶרְגִיץ אַיין אָרֶעמַאן וואוּ עֶרְגִיץ אַיין אַלְמָנָה, וואוּ עֶרְגִיץ אַיין אוּמְגְלִיק — אִיז דָארְטֶען יְהוֹשֻׁעַ יֶענְקֶעל. טָאמֶער וֶועט זִיךְ אַייךְ מַאכֶען אִיהר וֶועט זֶעהֶען אִין מַאזֶעפֶּעווְקֶע לוֹיפֶען אַ יוּדֶען, מִיט שְׁוַוארְצֶע אוֹיגֶען, מִיט אַ הָארְבַּאטֶע נָאז, מִיט אַ שְׁוַוארְץ קַיילֶעכִיג בֶּערְדֶעל, אָפְּטְמָאל בַּאשְׁטֶעקְט מִיט פֶּעדֶערֶען, דָאס הִיטֶעל אוֹיף אַ זַייט, דִי פָּאלֶעס צֶעלָאזְט אוּנ אַלֵיין אִיז עֶר פַארְטְרָאגֶען וִוי אוֹיף אַ יְרִיד, זָאלְט אִיהר וִויסֶען, אַז דָאס לוֹיפְט יְהוֹשֻׁעַ יֶענְקֶעל: עֶר אִיז גֶעוֶוען אָדֶער אוֹיף אַיין אָרֶעמֶען בְּרִית, אָדֶער חָלִילָה אוֹיף אַ לְוָיָה, אָדֶער בַּיי אַ קְרַאנְקֶען, וָואס מֶע בֶּעדַארְף אִיהם עֶרְגִיץ קְרִיגֶען אַ פֶערְטֶעל עוֹף אוֹיף אַ יַיכֶעל, אָדֶער גְלַאט אַזוֹי עֶפִּים אַ שְׁטָאדְט זַאךְ: זֶעהֶען דֶער רַב זָאל הָאבֶּען פוּן וַואנֶען צוּלֶעבֶּען,

דִי עֶרְשְׁטֶע קְלַאסֶען פוּן מֶענֶער־שוּלֶען, ווען עס זֶענֶען נִישְׁטָא קַיין גוּטֶע מַאנְסְבִּילְשֶׁע לֶעהֶרֶער.

(פְרוֹיֶען פַאבְּרִיקֶען־מַאכֶער אוּנ הָאר־שֶׁערֶער). אִין חַארְקָאוו גֶעפִינֶען זִיךְ עֶטְלִיכֶע פְרוֹיֶען פַאבְּרִיקֶען־מַאכֶערִינְס, וָואס שֶׁערֶען, גָאלֶען אוּנ פְרִיזִירֶען הָאהר.

(נִיצוֹל גֶעוָוארֶען פוּן אַ שְׂרֵפָה). נִישְׁט לַאנְג הָאט אַ בְּלִיץ גֶעטְרָאפֶען אִין אַ וַואגָאן פוּן דֶער עֶלֶעקְטְרִישֶׁער אַייזֶענְבַּאהן וָואס אִיז גֶעגַאנְגֶען פוּן טְרַייסְקִירְכֶען נָאךְ בַּאדֶען אוּנ דֶער וַואגָאן הָאט תֵּיכֶף אָנְגֶעהוֹיבֶּען בְּרֶענֶען. צוּם גְלִיק אִיז אִין דֶעם וַואגָאן נָאר אֵיין אֵיינְצִיגֶע פְרוֹי גֶעוֶועזֶען וָואס אִיז פַאר שְׁרֶעק גֶעפַאלֶען אִין חֲלָשׁוֹת אוּנ מֶען הָאט זִי בַּאלְד פוּן דָארְט אַרוֹיסְגֶעטְרָאגֶען.

II.

# יוּדִישֶׁע נַייֶעס.

(פוּן אַ פְּרִיוַואט שׁוּל אוֹיף אַ פְּרָאגִימְנַאזְיוּם). דֶער רֶעקְטָאר פוּן אַדֶעסֶער לֶעהר־קָאמִיסְיָאן הָאט עֶרְלוֹיבְּט אִיבֶּערְצוּמַאכֶען דִי פְּרִיוַואט שׁוּלֶע פַאר יוּדִישֶׁע מֵיידְלֶעךְ, וֶועלְכֶע פְרוֹי חִיטֵיימַאן הַאלְט, אוֹיף אַ פְּרִיוַואט פְּרָאגִימְנַאזְיוּם.

(אַ נַייֶע שׁוּלֶע). אִין זִיטָאמִיר הָאט מֶען הַיינְטִיגֶען זוּמֶער גֶעעֶפֶענְט אַ נַייֶע יוּדִישֶׁע שׁוּלֶע פַאר מֵיידְלֶעךְ, אִין וֶועלְכֶע עֶס לֶערְנֶען זִיךְ מֵיידְלֶעךְ פוּן 7 בִּיז 10 יָאהר אַלְט. אִין דֶער שׁוּלֶע וֶוערְט גֶעלֶערְנְט: שְׁרַייבֶּען, לֶעזֶען אוּנ הַאנְד אַרְבַּייט, מֶען לֶערְנְט אִין דֶער אֵייגֶענֶער שׁוּלֶע מִיט אֵיינִיגֶע אָרִימֶע קִינְדֶער אוּמְזִיסְט.

(גֶעלֶעבְּט 106 יָאהר). אִין בּוּדַאפֶּעשְׁט אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אַ יוּדִישֶׁע פְרוֹי וֶועלְכֶע אִיז גֶעבָּארֶען אִין יָאהר 1796.

(צוּגֶענוּמֶען צוּרִיק אַ קִינְד). אִין אַ דָארְף אִין פּוֹילִין הָאט אַ קַאטוֹילִישֶׁע פְרוֹי צוּגֶענוּמֶען פוּן אַ קִינְדֶער פְּרִיוּט אַ יוּדִישׁ מֵיידֶעל, וָואס אִיז אַלְט זִיעֶבֶּען יָאהר אוּנ הָאט אִין פְּרִיוּט אָנְגֶענוּמֶען דֶעם קַאטוֹילִישֶׁען גְלוֹיבֶּען, כְּדֵי עֶס אוֹיף צוּ הָאדָאוֶוען; אַז דֶער פָאטֶער פוּן דֶער מֵיידֶעל הָאט זִיךְ דֶערְפוּן דֶערְוִויסְט, אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אוּנ מֶען הָאט דֶעם פָאטֶער גֶעמוּזְט זַיין קִינְד אָבְּגֶעבֶּען.

# אַ מַאמֶע.

(אַ בִּילְד).

(עֶנְדֶע).

אוֹיף דֶער נַאכְט, וֶוען זִי אִיז אַהֵיים גֶעקוּמֶען, הָאט זִי אוֹיף גִיךְ מִיטָאג אָבְּגֶעקָאכְט, גֶעגֶעבֶּען דִי קִינְדֶער עֶסֶען. אוּנ גֶעלָאפֶען צוּם דַיָּין מִיטֶען בְּרִיוֶועל.

זִי אִיז אִין שְׁטוּבּ אַרַיין. לַאנְגֶע פָּאלִיצֶעס מִיט סְפָרִים בֶּעדֶעקֶען דִי וֶוענְד, אוּנ עֶר זִיצְט אוֹיבֶּען אָן — אוּנ קוּקְט אִין אַ סֵפֶר אַרַיין.

— וָואס, אַ שַׁאֲלָה? פְרֶעגְט דֶער דַיָּין פוּן דֶערְוַוייטֶען.

— נַיין.

— וָואס דֶען?

— אַ בְּרִיוֶועל פוּן מַיין יִצְחָק'לֶען.

דֶער דַיָּין הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, צוּ גֶענוּמֶען פוּן אִיהר דָאס בְּרִיוֶועל אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען לַייעֶנֶען.

— וואהל, אוֹיסגֶעצֵייכְנֶעט, גוּט... דֶער קְלֵיינֶער פֶערְשְׁטֶעהט... רֶעדְט דֶער דַיָּין צוּ זִיךְ.

טוֹיבֶּען גִיסֶען זִיךְ טְרֶעהְרֶען פוּן דִי אוֹיגֶען...

— וָואלְט עֶר חָאטְשׁ גֶעלֶעבְּט! וָואלְט עֶר חָאטְשׁ גֶעלֶעבְּט! טְרַאכְט טוֹיבֶּע...

— שְׁחִיטַת חוּץ... רַמְבַּ"ם... תּוֹסְפוֹת אִיז גֶערֶעכְט... רֶעדְט דֶער דַיָּין צוּ זִיךְ.

— אִיהר יִצְחָק'ל אִיז טוֹיבֶּע דִי מַארְק־יוּדֶענֶעס אַ יוּנְגֶעל, טְרַאכְט זִי מִיט שְׁטָאלְץ.

---

דֶער שַׁמָּשׁ זָאל נִיט שְׁטַארְבֶּען פוּן הוּנְגֶער, דִי תַּלְמוּד־תּוֹרָה־יוּנְגְלֶעךְ זָאלֶען נִישְׁט גֵעהן נַאקֶעט (מֵילָא פוּן בָּארְוֶועס אִיז שְׁוֶוער צוּ בַּאוָוארֶענֶען), וּכְדוֹמֶה.

— עֲסָקִים, צוּ אַלְדֶע שְׁוַוארְצֶע יָאהר!... זַיין עֵסֶק אַז דִי רֶבִּיצִין הָאט נִיט אוֹיף שַׁבָּת, בֶּעדַארְף אִיהם דַארֶען דֶער קָאפּ!... אַ שְׁטֵייגֶער וָואס גֵעהט אִיהם אָן אַ וַוייבּ — בְּרֶענֶען זָאל אִיהם דָאס לַייבּ! צִי אַ קִינְד — וֵועה אִיז אִיהם אוּנ וִוינְד! קוֹנָם — אַ חָלִירֶע זָאל אוֹיף זֵיי קוּמֶען מִיט אִיהם אִינְאֵיינֶעם! גֶעבּ זֵיי אוֹיף בָּארְג — גֶעבֶּען זָאל זֵיי גָאט קְרֵיינְק, אוֹיף טִישׁ אוּנ אוֹיף בֵּיינְק, אַ פוּלֶע שִׁיסֶעל אוּנ אִיהם אוֹיךְ אַ בִּיסֶעל!

אָט אַזוֹי פְלֶעג לֵאָה שֶׁעלְטֶען אִיהר מַאן נָאכ'ן גְרַאם, בֶּעגְרָאבֶּען נַייעֶן אֵיילֶען אִין דֶער עֶרְד אָהן אַ גְרַאם אוּנ עֶר פְלֶעג אָנְרוּקֶען דָאס הִיטֶעל אוּנ שְׁוַוייגֶען. קֵיינֶער הָאט נִישְׁט גֶעפִיהלְט זַיין הַארְץ, אַ חוּץ דִינָה, וָואס חָאטְשׁ זִי אִיז גֶעוֶוען אַ קִינְד, דָאךְ הָאט זִי פֶערְשְׁטַאנֶען דֶעם פָאטֶערְס אוּמְגְלִיק.

דִינָה אִיז נִיט גֶעוַואכְסֶען צְווִישֶׁען קִינְדֶער וִוי אַנְדֶערֶע קִינְדֶער, זִיךְ נִיט גֶעשְׁפִּילְט מִיט קַיין צַאצְקֶעס וִוי אַנְדֶערֶע מֵיידְלִיךְ, תָּמִיד פֶערְבְּרַאכְט צְוִוישֶׁען אַלְטֶע וַוייבֶּער, גֶעהֶערְט וִוי זֵיי וָוארְטְשֶׁען, קְרִיגֶען זִיךְ, שֶׁעלְטֶען זִיךְ, קְרֶעכְצֶען, קְלָאגֶען זִיךְ אוֹיף דִי אַלְטֶע בֵּיינֶער אוּנ אוֹיף דִי שְׁנִיר מִיט דִי אֵיידֶעמְס, וָואס זֶענֶען נִישְׁט יוֹצֵא קֶענֶען זֵיי, גָאט בָּרוּךְ הוּא זָאל זֵיי צָאהלֶען! צְוִוישֶׁען דִי דָאזִיגֶע אַלְטֶע וַוייבֶּער אִיז גֶעוֶוען אֵיינֶע אַ נָאהֶענְטֶע שְׁכֵנָה, אַיין אַיינְגֶעבּוֹיגֶענֶע אִין דְרַייעֶן, אַיין אוֹיסְגֶעטְרִיקֶענְטֶע יוּדִינֶע, מִיט אוֹיסְגֶעלָאשֶׁענֶע אוֹיגֶען, אָהן צֵייהן אוּנ מִיט אַ סַךְ בְּרָאדִיוָוקֶעס אוֹיפ'ן פָּנִים. שָׂרָה הָאדִי הָאט זִי גֶעהֵייסֶען, גֶעוֶוען זֵעהר אַ פְרוּמֶע, אַ וואהְלְקֶענֶענְדִיגֶע, פְלֶעג הַאלְטֶען אִין אֵיין זָאגֶען תְּחִינוֹת, בַּקָשׁוֹת, סְלִיחוֹת, תְּהִילִים, מַעֲמָדוֹת, מַחֲזוֹר, הַגָּדָה — וָואס ס'אִיז אִיהר גֶעקוּמֶען אִין דִי הֶענְט אַרַיין פְלֶעג זִי זָאגֶען, אוּנ אַלְץ מִיט אֵיין נִגּוּן, מִיט דֶעם נִגּוּן פוּן „מַעֲנֶה־לָשׁוֹן", וָואס מֶע זָאגְט אוֹיף קֵבֶר אָבוֹת... דֶעם נִגּוּן הָאט דִינָה גֶעהֶערְט טָאג וִוי נַאכְט, עֶר פְלֶעג אִיהר קְלִינְגֶען אִין דִי אוֹיהרֶען כְּסֵדֶר; אִין שְׁלָאף פְלֶעגֶען זִיךְ אִיהר חָלוֹמֶ'ן תְּחִינוֹת, בַּקָשׁוֹת: רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם דוּ הַאר פוּן אַלֶע הַארֶען! גֶעבֶּענְשְׁט אוּנ גֶעאַכְפֶּערְט זָאל זַיין דֶער נָאמֶען דַיינֶער פוּן אֵייבִּיג בִּיז אֵייבִּיג! זָאלְסְט מִיט דַיין גְרוֹיס גֶענוּד פַארְגֶעבֶּען מַיינֶע זִינְד, פַארְגֶעסֶען מַיינֶע עֲבֵירוֹת אוּנ זָאלְסְט אָפְּמֶעקֶען מַיינֶע שׁוּלְד... שָׂרָה הָאדִי'ס „עֲבֵירוֹת", „זִינְד" אוּנ „שׁוּלְד" זֶענֶען אַ פָּנִים גֶעוֶוען זֵעהר פִיעל, וָוארוּם לוֹיט זִי דֶערְצֵעהלְט זִיךְ אָן פוּן אִיהרֶע צָרוֹת מִיט דִי שְׁלֶעק, וָואס זִי הָאט אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען אוֹיף אִיהר לֶעבֶּען, שְׁטֶעלֶען זִיךְ דִי הָאר — קַאפּוֹיר. שְׁטֶעלְט זִיךְ פָאר, שָׂרָה הָאדִי הָאט בֶּעגְרָאבֶּען דְרַייצֶעהן קִינְדֶער, זֶעכְס מָאל אָפְּגֶעבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען, אַרוֹיס וִוי דִי מַאמֶע הָאט זִי גֶעהַאט. פִינְף מָאל אַרוֹיס־גֶעפַאלֶען פוּן אַ וָואגֶען בְּשַׁעַת פָאהרֶען אוֹיפ'ן יָרִיד, פִיער מָאל בַּאגַנְבֶעט גֶעוָוארֶען בִּיז'ן לֶעצְטֶען פָאדֶעם, דְרַיי מָאל גֶעלֶעגֶען אוּנְטֶערֶען אַייז שִׁיעֶר נִיט דֶערְטְרוּנְקֶען גֶעוָוארֶען, צְוַויי מָאל גֶעזֶעסֶען אִין טוּרְמֶע אִיבֶּער אַ בִּלְבּוּל, אֵיין מָאל גֶעלֶעגֶען בַּיי גַזְלָנִים אוּנְטֶער דֶער הַאק, הַיינְט גְלַאט אַזוֹי קְלֵיינֶע אוּמְגְלִיקֶען, פְּחָדִים, צָרוֹת, יְסוּרִים, הוּנְגֶער אוּנ קֶעלְט — אַ שְׁרֶעק!... דִינָה הָאט זִיךְ מְחַיֶּה גֶעוֶוען, אַז זִי הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען גֵעהן אִין חֵדֶר אַרַיין אוּנ אִיז פָּטוּר גֶעוָוארֶען פוּן שָׂרָה הָאדְ'ן מִיט אִיהרֶע אוּמְגְלִיקֶען, מִיט אִיהרֶע פְּחָדִים, אוּנ מִיט אִיהרֶע תְּחִינוֹת, בַּקָשׁוֹת אוּנ מִיט אִיהרֶע „עֲבֵירוֹת", מִיט אִיהרֶע „זִינְד" אוּנ מִיט אִיהרֶע „שׁוּלְד"...

(פָארְטְזֶעטְצוּנְג קוּמְט).

— נאט אייך דאס בריוועל, זאגט דער דין צום סוף, איך האב שוין דורכגעלעזען.

— נו וואס? פרעגט די יודענע.

— וואס? וואס ווילט איהר דען?

— וואס שטעהט אין בריוועל? פרעגט ווייטער די יודענע אין דער שטיל.

— עס איז נישט פאר אייך — איהר וועט עס נישט פערשטעהן, זאגט דער דין מיט א שמייכעל. און טויבע איז פון דין אוועקגעגאנגען איבער גליקליך.

---

יצחק׳ל שרייבט אהיים בריוועלעך, וואס אמאל וועהרען די יודישע ווערטער וויניגער, די לשון קודש ווערטער מעהר, אמאל גאר א גערים צו דער מאמען — און זי קומט צו ר׳ יוחנן. ר׳ יוחנן לייענט איהר דורך די יודישע ווערטער און זי לאזט זיך דערמיט בעגניגענען. „די לשון קודש ווערטער זענען פאר דעם דין״, טראכט זי זיך.

אמאל קריעגט זי א בריוועל פון יצחק׳ל.

זי געהט אריין צו ר׳ יוחנן, ער זאל עס דורך לייענען.

ר׳ יוחנן לייענט עס דורך.

— גאר נישט דא צו אייך, זאגט ער.

— ווי הייסט?

— גאר נישט ענטפערט ער אב קורץ.

— לייענט זשע מיר חאטש דאס, וואס איז דא.

— עס איז דאך לשון קודש, תורה, איהר וועט דאך נישט פערשטעהן.

— וועל איך נישט פערשטעהן.

— געהט אייך געזונדערהייט און פערדרעהט מיר נישט דעם קאפ.

טויבע איז ארויס מיט דעם געדאנק, אויף דער נאכט צו געהן צום דין.

— רבי, זייט מוחל, פערטייטשט מיר דעם בריעף אויף יודיש, זאגט זי צו דעם דין, איהם דעם בריעף איבערגעבענדיג.

דער דין נעהמט דעם בריעף און לייענט איהם איבער.

— גאר נישט דא פאר אייך! זאגט ער איהר.

— רבי, זאגט טויבע פערשעמט, פערטייטשט מיר, זייט מוחל, דאס לשון־קודש׳דיגע.

— עס איז דאך תורה, איהר וועט דאך נישט פערשטעהן.

— נו, לייענט חאטש דעם בריעף אויף לשון קודש, הויך, הויך, איך זאל איהם הערען.

— איהר וועט דאך אבער נישט פערשטעהן, עס איז דאך לשון קודש, שמייכעלט דער דין.

— נו וועל איך נישט פערשטעהן, זאגט די יודינע, עס איז דאך מיין קינדס תורה. מיין קינדס.

דער דין האט עפיס געקלערט, און אנגעהויבען לייענען הויך.

— שחיטת חוץ שנתערבה בקודש... רמב״ם בהלכות... מ״א...

— נאר פלוצלונג האט ער אויפגעהערט; ער האט זיך דערמאנט אז ער זאגט עפיס תורה פאר א יודענע.

— נאט אייך דעם בריעף, עס איז גאר נישט דא פאר אייך, האט ער געזאגט און צוריק זיך געזעצט אויף זיין ארט.

— עס איז דאך מיין קינדס תורה, מיין יצחק׳לס בריעף, פאר וואס זאל איך נישט הערען? לאס מיך נישט פערשטעהען! עס איז דאך מיין קינד.

דער דין האט זיך קאלט אוועק געדרעהט.

---

דערנאך ווען טויבה איז אהיים געקומען, האט זי זיך ביים טישעל אנידער געזעצט, אראפגענומען דאס לעמפעל פון צוואק און ביי דער שיין פון דעם פערראיכערטען לעמפעל, האט זי שטום אויף דעם בריוועל געקוקט.

זי האט דעם בריעף געקושט, נאר באלד האט זיך איהר געדאכט, אז זי איז מטמא דעם בריעף מיט איהרע ליפען. זי א זינדיגע יודינע.

זי האט זיך אויפגעהויבען, ארויסגענומען פון ספרים־שאפקעלע דעם מאנ׳ס סדור און צווישען די בלעטער אריין געלעגט דעם בריעף.

מיט ציטערדיגע ליפען האט זי געקושט די טאוולען פון דעם סדור, און איהם צוריק אריין געשטעלט אין ספרים שאפקעלע.

שלום אש.

---

# יודישע פרויען.

## ברוריה (וואלעריא).

עס איז בערך 65 יאהר נאך דעם חרבן בית שני. אדריאנוס, (האדריאן) דער רוימישער קעניג, איז אויך דער מושל איבער ארץ־ישראל.

ניטא שוין ביי יודען קיין חשמונאים, וועלכע זאלען מציל זיין די אומה מיט זייער גבורה, מיט זייער שווערד. אלע יודישע העלדע האט אדריאנוס געהרג׳ט, אלע יודישע כלי־זין האט ער צובראכען.

ביי יודען איז נאר געבליבען זייער תורה, דאס יודישע געזעץ. אנדריאנוס וויל נעהמען ביי יודען אויך זייער לעצטעס פערמעגען...

און יודען היטען דווקא זייערע געזעטצע מיט אלע מעגליכע מיטעל, און זענען זיך מוסר נפש פאר זייער תורה.

צו יענער צייט האט געלעבט ברוריה. זי איז געוועזען די טאכטער פון רבי חנינא בן תרדיון, איינער פון די עשרה הרוגי מלכות, דאס הייסט, פון די תנאים וואס זענען געטויט געווארען פון די רוימער.

רבי חנינא בן תרדיון האט פארשטאנען אז אין אזא ביטערער צייט איז נוצליך, אז די יודישע טעכטער זאלען בעקומען אזא ערציהונג ווי די מאנסבילען, כדי זיי זאלען זיך אויך ראנגלען און זיך קענען מוסר נפש זיין פאר זייער פאלק.

ברוריה׳ס פאטער, איהר מוטער און קלענערע שוועסטער האבען געהאפט זייער פסר פון אנדריאנוס׳ן.

דעם פאטער האט מען פערברענט צוזאמען מיט זיין ספר־תורה; די מוטער האט מען אויך געלאזט הרגענען. דער פסק פון דער

שוועסטער איז געוועזן פיעל ערגער, זי האט בעדארפט שטעהן און קוקען ווי דער פאטער ברענט. דער נאך האט מען זי איבערגעגעבען אויף שאנדע צו אנדערע.

נאר איין ברוריה איז נצל געווארען פון טויט. זי איז אין יענער צייט געוועזן שוין ר' מאיר'ס פרוי, און איז נישט געזעסען מיט איהרע עלטערען צוזאמען. מיט איהר געלערענטקייט האט זי איהר מאן מיט געהאלפען אין לערנען.

ווי די חכמים האבען ניט געהאלטען פון ווייבערשע לערנונג, האבען זיי דאך געמוזט מודה זיין, אז ברוריה איז א שטארקע געלערענטע.

ר' מאיר איז געוועזן אגרויסער חכם און פילאזאף. דערפאר פלעגען שטענדיג קומען צו איהם מענשען פון פערשיעדענע כתות, מתוכח זיין אין אסך ענינים. ברוריה האט גענומען אטהייל אין די וכוחים, און האט אין דעם אויך בעוויזען איהר שארפען שכל און ליעבשאפט צום לערנען.

בא איהר פאטער ר' חנינא'ן איז זי געוואהנט געוועזן צו הערען ווי ער לערענט תורה אויפ'ן קול, צו בעווייזען די פולע תלמידים, אז זיי זאלען ניט מורא האבען פאר אדריאנוס'ס גזרה מיט זיינע פיעל שפיאנען און מוסרים...

דער קול פון לערנען איז ברוריה'ן געוועזן טייער און הייליג. זעהענדיג אמאהל, ווי איינער פון די תלמידים לערענט אין דער שטיל, האט זי אויף איהם אנגעשריען, און ווי דער שטייגער פון אלע תנאים, האט זי איהם בעוויזען פון א פסוק, אז די תורה קאן זיך האלטען נאר ביי דעם וואס לערענט זי הויך אויפ'ן קול.

---

די גזרת השמד פון יענער צייט, האט ארויסגעיאגט פון דער יודישער אומה אלע שלאפע חאראקטארען און קליינע נשמות, וועלכע האבען ניט געוואלט טראגען אויף זיך דעם גלות. זעהר אסך יודען זענען אין יענע יאהרען איבערגעגאנגען צו אונזערע „ווייטע קרובים", וועלכע האבען געפויעלט בא האדריאנ'ן מען זאל זיי ניט רעכענען חלילה פאר יודען.

די תנאים האט דאס שטארק געקריינקט און זענען געוועזן אויפגעטראגען קעגען די אלע פאלשע און קליינע מענשעלאך, וועלכע לא די, וואס זיי פארלאזען זייער פאלק אין אזא עת צרה און געהן אוועק לעבען אגוטען טאג, ווערען זיי נאך בלוטיגע שונאים זייערע אמאליגע אומגליקליכע ברידער און זענען זיי רודף מיט מסירות און געלעכטער. דער פאר ווי נאר די חכמים האבען דערזעהן אז א יוד קערט אפ פון דער יודישער וועג האבען זיי שוין אנגעהויבען איהם פערהאסען און מרחיק זיין אינגאנצען פון דער אומה.

ובכן איז ניט קיין וואונדער, אז ר' מאיר, ווי איינער פון די גרעסטע תנאים, איז אויך ניט געוועזן בעסער פון זיינע חברים און האט מרחיק געוועהן די כותים פון די יודען און געשאלטען מיט טויטע קללות די צדוקים און רשעים*)...

ברוריה איז אבער געוועזן א פרוי, מיט א גוט הארץ וואס איז פול מיט רחמנות צו אלע, צו גוטע און צו שלעכטע. זעהענדיג ווי איהר מאן ר' מאיר, שעלט די רשעים, וואס זענען איהם שטארק מצער, און בעט גאט זיי זאלען שטארבען, האט זי איהם געמוסר'ט דערפאר:

— שטייטש — זאגט זי ר' מאיר'ן — אין פסוק שטייט דאך „יתמו חטאים" נאר די זינד זאלען זיך אויסלאזען פון די וועלט און ממילא וועלען שוין קיין רשעים ניט זיין! ווארום שזע בעסטו גאט אז די זינדיגע זאלען שטארבען? בעט בעסער גאט זיי זאלען טהון תשובה!...

ר' מאיר האט זי געפאלגט. ער איז גוט געווארען מיט זיינע שונאים די רשעים, געבעטען גאט פאר זייער לעבען און גערעדט מיט זיי גוטע ווערטער, ביז די שלעכטע מענשען האבען זיך באמת אויסגעבעסערט.

ברוריה איז ניט נאר געוועזן א גוט הארציגע פרוי וואס קאן קיין קולות ניט הערען, זי איז נאך אויך געוועזן א גרויסע אשת־חיל. זי האט געקענט רוהיג איבערטראגען די גרעסטע צרות, קוקען דעם טויט גלייך אין די אויגען און אפילו קיין טרעהר ניט ארויסלאזען און אלס צוליעב איהר מאן, וועלכען זי האט שטארק געליעבט ווארום זי האט געוואלט ער זאל זיך ניט ערגערען, חלילה, ווען ער וועט זעהן איהרע טרעהרען.

* * *

עס איז שבת ביי טאג. ר' מאיר זאגט אדרשה אין בית מדרש. עס איז דא זעהר אגרויסער עולם. מעהר פון אלעמען הערען זיין דרשה יודישע ווייבער, אויף וועלכע ברוריה האט געהאט אגרויסע ווירקונג.

די יודישע פרויען האבען ליעב געהאט ר' מאיר'ס דרשות מיט די שיינע משלים. זייערע מענער זענען אפילו שטארק אומצופרידען געוועזן פון דעם, און פערלאנגט די ווייבער זאלען ניט געהן אין בית מדרש, עס האט אבער ניט געהאלפען; די פרויען האבען פאר זיך אבעוויז ברוריה'ן, זיי ווילען אויך זיין געלערענט ווי זי.

געוועהנליך האט ברוריה ניט אויסגעפעלט קיין שבת זי זאל ניט געהן אין בית־מדרש. נאר דעם שבת איז זי ניט געקומען הערען די דרשה. איהרע צוויי זיהן זענען פליצלום קראנק געווארען. זי שיקט איהר מאן אין בית - מדרש, כדי ער זאל ניט מבטל זיין די דרשה. זי בלייבט אבער צו הויז נעבען איהרע קראנקע קינדער.

די קריינק איז אבער זעהר א געפעהרליכע. גיך, ווי פון א דונער געטראפען שטארבען ביידע זיהן אין דער זעלבע צייט, ווען זייער פאטער ר' מאיר דרש'ת דארט אין בית־מדרש.

זי פערליערט צוויי קינדער אין איין מינוט, און ווערט פליצלום פון א גליקליכע מוטער איין פערוויסטע עקרה! ברוריה ווייגט אבער ניט, ברעכט ניט די הענד און מאכט ניט קיין גוואלדען. זי פערשטעהט אז איהר מאן בעדארף באלד קומען פון בית מדרש און וועט געוויס ניט קענען איבערטראגען די גרויסע צרה, אויף וועלכע ער האט זיך גאר ניט געריכט.

שטיל, אהן כעס, טראגט זי איבער די טויטע קינדער אין איין אנדער צימער, לעגט זיי אויף א בעט און דעקט זיי איבער מיט א

---

*) איין אויסשלוס האט ר' מאיר געמאכט נאר צו ליעב „אלישע־אחר", אגעוויסער רשע נאר א גרויסער חכם, פון וועלכען ער האט מקבל געוועהן פיעל תורה. דער פאר פלעגט ר' מאיר זאגען אז אפילו אגוי וואס לערענט תורה איז חשוב אזוי ווי א כהן־גדול...

לײלעך, אַלײן זעצט זי זיך אין פּאָדער־צימער. אין האַרצען איז בּײ איהר אַ גאַנצער גהינם, דאָס אומגליק בּרעכט איהר דאָס האַרץ, אָבּער איהר פּנים איז רוהיג, ערנסט, ווי געוועהנליך, און זי וואַרט אויף איהר מאַן.

אין דרויסען איז נאַכט. ווי לאַנג איז היינט זײן דרשה, קלערט זיך בּרוריה. יעדע מינוט איז בּײ איהר אַ יאָהר, נאָר אָט עפענט זיך די טהיר, און ר׳ מאיר קומט אַרײן אין שטוב.

— וואָס מאַכען די קינדער? — פרעגט ער אונגעדולדיג.

— זײ זענען בּאַלד נאָך דײן אַוועקגעהן, אויפגעשטאַנען און אויך אַוועק אין בּית מדרש!.. ענטפערט בּרוריה געלאַסען. איהם וואונדערט אפילו, וואָס זי האָט זײ געלאָזען קראַנקערהייט אַרויסגעהן פון שטוב. איהם וואונדערט, וואָס ער האָט זײ ניט בּעמערקט אין בּית מדרש, דאָך גלויבּט ער איהר.

ער מאַכט הבדלה אויף דעם כּוס וואָס בּרוריה טראָגט איהם צו, און פרעגט נאָך אומרוהיגער, פאַר וואָס זענען זײ נאָך ניט געקומען?

— איך האָבּ זײ אָנגעזאָגט, אַז פון׳ם בּית מדרש זאָלען זײ אַרײנגעהן נאָך אין אײן אָרט... ענטפערט זי װײטער ערנסט און גיט איהם עסען. נאָך דעם עסען פרעגט זי איהם ווי אַ תּלמיד דעם רבּין:

— רבּי! שוין פון לאַנג האָט מיר אײנער געגעבּען בּעהאַלטען אַ חפץ. היינט איז ער געקומען און פאָדערט דאָס בּײ מיר צוריק. זאָל איך איהם אָבּגעבּען — צו ניט?...

ר׳ מאיר וואונדערט זיך אויף איהר שאלה: — ווי הייסט ווי דען? — ענטפערט ער — אַ וודאי דאַרף מען איהם אָבּגעבּען צוריק.

— אַזוי האָבּ איך טאַקי געטהון! ענטפערט בּרוריה. און רעדענדיג נעהמט זי איהם אָן פאַר׳ן האַנד, פיהרט איהם אַרײן אין דעם צווייטען חדר, נעמט אַראָבּ דעם לײלעך פון בּעט, און ר׳ מאיר דערזעהט בּײדע קינדער ליגען טויט. . .

און ר׳ מאיר בּרעכט אויס אַ שרעקליכען יאָמער, אַז עס ציטערען די ווענט.

בּרוריה טרייסט אָבּער איהר מאַן; זי לאָזט איהם ניט זיך מיאש זײן אין גאַנצען.

— רבּי! — זאָגט זי איהם — האָסט דאָך מיר ערשט אַלײן געזאָגט, אַז אַ פּקדון דאַרף מען אָבּ געבּען דעם בּעל־הבּית ווען ער פאָדערט? . . . גאָט האָט געגעבּען און גאָט האָט צו גענומען, זאָל זײן זײן נאָמען געלויבּט! . . .

ר׳ מאיר האָט פערשטאַנען, אַז ער טאָר זיך ניט צו פיעל ערגערען. איהם איז נאָך געבּליבּען זעהר פיעל קינדער, דאָס איז דאָס גאַנצע פאָלק ישׂראל, וועמען ער איז אַ פאָטער.

(ענדע קומט)

יעקב ליבּערמאַן.

---

## פאַר די מוטערס.

### ווי אַזוי אָבּצוהיטען קינדער פון אַנשטעקענדע קראַנקהייטען.

דיפטעריט איז זעהר אַ שווערע קראַנקהייט און הערשט אַממעהרסטען פריהלינג און הערבּסט בּשעת יעדער כּמעט לײדט אויף קאַטאַר.

די קרענק געהט איבּער צו אַנדערע דורך קושען, שפּײען, אָדער דורך בּעריהרונג פון זאַכען, וואָס זענען בּעשמוצט מיט דעם, וואָס עס געהט אַרויס פון דעם קראַנקענס גוף. אַממעהרסטען לײדען אויף דער קראַנקהייט קינדער בּיז זיבּען יאָהר; וואָס עלטער דער מענש ווערד, דאָס ווייניגער איז ער פעהיג צו דער קראַנקהייט. ווען די קראַנקהייט הערשט בּרויך מען גוט אַכטונג צו געבּען אויף דעם שטאַנד פון די קינדערס קעהל און אַז מען דערזעהט עפּיס אַ ענדערונג, בּרויך מען בּאַלד צו רופען אַ דאָקטאָר און לאָזען דעם קינד אײנשפּריצען דאָס נײע מיטעל וואָס מאַכט די קראַנקהייט אונגעפעהרליך.

ווען די קעהל פון דעם קראַנקען איז שוין רײן און ער שפּיהרט זיך שוין געזינדער קען ער זיך צונויף קומען מיט אַנדערע קינדער.

---

## פאַר די בּעל־הבּית׳טעס.

### בּיליגע, געשמאַקע, מאכלים.

1) רינד־שמאַלץ. אײדער מיר שרײבּען פון ווירקליך געשמאַקע בּיליגע מאכלים, מוזען מיר קודם כּל לערנען ווי צו מאַכען רינד־שמאַלץ עס זאָל געשמאַק זײן. אָהן פעטס, ווי יעדער ווייסט, קען קײן מאכל אַ גוטען טעם ניט האָבּען און ווער עס וויל בּיליג אַ הויז פיהרען, קען קײן אַנדער פעטס, אויסער רינד־שמאַלץ ניט נוצען. זומער־צײט, ווען עס איז נאָך קײן געגזען־שמאַלץ ניט פערהאַנען, מוזען אפילו רײכע בּעל־הבּית׳טעס זיך בּעגעהן נאָר מיט רינד־שמאַלץ צו פערשידענע מאכלים. אויבּ מען וויל עס זאָל געשמאַק זײן, מוז מען אַזוי טהון:

צו אײן פונט רינד־פעטס גיסט מען צו אַ האַלבּע גלאָז וואַסער און מען שטעלט עס אויפען פײער. ווען דאָס וואַסער איז שוין אין גאַנצען אויסגעקאָכט, בּראָקט מען אַרײן אַ ציבּעלע און מען לאָזט דאָס פעטס אַזוי לאַנג פּרעגלען בּיז די גריוועז ווערען בּרוין.

2) אַ פּאַשטעט פון לעבּער. צו אַ פונט גוט אַנגעבּראָטענע לעבּער נעהמט מען אָנדערט האַלבּען אויסגעווייקטע און גוט פון וואַסער אויסגעקוועטשטע זעמעל, צוויי רויע אײער, פיער לויט שמאַלץ, אַבּיסיל פעפער און זאַלץ. ווען דאָס אַלעס איז זעהר דין צוהאַקט און אַלע אָדערן אַרויסגענומען לעגט מען עס אַרײן אין אַ פענדיל, וואָס איז אויסגעשמירט מיט שמאַלץ און אונטערגעשאָטען מיט געריבּענע זעמעל, אָדער מצה־מעהל. דערנאָך בּאַקט מען עס אין אַ הייסען אויווען אַ האַלבּע שעה. דער פּאַשטעט איז פיעל געשמאַקער ווען מען מאַכט איהם אויף דעם זעלבּען אויפ׳ן פון קעלבּערנע, אָדער עופות לעבּער.

3) פּיראָגעס פון לונגען. צוויי פונט ווײיכע אָבּגעקאָכטע לונגען, צוויי אויסגעווייקטע און פון וואַסער אויסגעקוועטשטע זעמעל, אײן רוי אײ און אַבּיסיל זאַלץ און פעפער צעהאַקט מען צוזאַמען זעהר דין. דערנאָך פּרעגעלט מען צוויי גרויסע, דין צעשניטענע ציבּעלעס אין פיער לויט שמאַלץ. ווען די ציבּעלעס זענען שוין בּרוין פּרעגעלט מען דאָס איבּער צוזאַמען, דאָס טייג צו די פּיראָגעס מאַכט מען מיט הייוען ווי אויף חלות און ווען עס איז אויפגעגאַנגען מאַכט מען די פּיראָגעס און מען פּרעגעלט זײ אין שמאַלץ בּיז זײ ווערען בּרוין. עס פערשטעהט זיך אַז אויבּ עס איז געמאַכט פון פלייש, אָדער פון געמישטע לונגען מיט פלייש, זענען די פּיראָגעס פיעל בּעסער.—

פּנינה.

# פערלאג „פאלקס־בילדונג“.

דאס גרעסטע טהייל פון אונזער פאלק רעדט און פערשטעהט נור זשארגאן, און דעריבער ווער עס וויל איהם נוטצען ברענגען מוז איהם געבען צו לעזען אין דער שפראכע וואס ער פערשטעהט. ליידער נישט אלע מאל גיבט מען דעם פאלק צום לעזען דאס וואס קאנן איהם נוטצען. אדער מען גיבט איהם לעזען די שמוטציגע מארק־ליטעראטור, ווי די בעקאנטע העכסט אינטערעסאנטע ראמאנען, אדער מען גיבט איהם לעזען אזוינע זאכען וואס זענען צו הויך, צו טיעף פאר איהם, און געשריעבען אין א שווערע שפראכע, וואס נישט אלע קענען דאס פערשטעהן.

מיר אבער ווילען געבען דעם פאלק צו לעזען דאס וואס ער האט באמת נייטיג, דאס וואס קאן איהם אמת'ע נוטצען ברינגען, און צו דעם צוועק האבען מיר געגרינדעט דעם פערלאג „פאלקס־בילדונג“.

מיר געפינען פאר נייטיג מודיע צו זיין, אז דער פערלאג איז ניט געגרינדעט געווארען אויף היגערשע פיטלעך, ווי דער שטייגער איז ביי דאס רוב יודישע פערלאגען. דער נייער פערלאג „פאלקס־בילדונג“ האט א בעזונדער גרויסען גרונד־קאפיטאל, וואס דאס האט אונז די מעגליכקייט געגעבען איינצולאדען אלס שטענדיגע־מיטארבייטער די בעסטע יודישע פאלקס־שרייבער און נישט שפארען קיין הוצאות אום אונזערע אויסגאבען זאלען אינטערעסאנט און ניטצליך זיין אין אינהאלט און אין אויסזעהן.

פון די אבטהיילונגען פון פערלאג, וואס מיר רעכענען דא אויס, וועט דאס געעהרטע פובליקום איינזעהן, אז אונזער צוועק איז צו געבען דעם פאלק איין אמת ניטצליכע בילדונג, בילדונג וואס וועט איהם נוטצען סאי אין וועלטליכען, סאי אין יודישען לעבען, בילדונג וואס וועט אין איהם וויעדער אויפוועקען די הייסע ליעבע צו אונזער אלטען היים, צו אונזער אלטע אבער אמת'ע נאציאנאל־שפראך, צו לשון קודש; זיא וועט איהם ווייזען אונזער רייכקייט וואס מיר האבען אמאל פערמאגט, וואס מיר פערמאגען אצונד, און דאס וואס מיר האפען נאך אמאל צו פערמאגען.

## אין פערלאג וועלען זיין די דאזיגע אבטהיילונגען:

1. **אמונה און מוסר.** ביכער און בראשורען וועגען רעליגיאן און מאראל אין א לייכטע שפראכע.
2. **פאך־ביכער.** ביכער און בראשורען צו לערנען פערשיעדענע מלאכות, מיט אילוסטראציעס.
3. **לעהר־ביכער.** ביכער און בראשורען צו לערנען די ניטצליכסטע און נייטיגסטע שפראכען.
4. **וויסענשאפטליכע ביבליאטהעק.** פערשיעדענע פאפולערע ביכער אין אלערליי וויסענשאפטען, אין א גרינגע שפראכע; וואו עס וועט נייטיג זיין אויך בילדער און אילוסטראציעס.
5. **ביאגראפישע ביבליאטהעק.** בעשרייבונגען פון בעריהמטע גרויסע מענער, יודישע און נישט יודישע.
6. **יודישע געשיכטע.** היסטארישע ערצעהלונגען וואס וועלען דעם פאלק בעקאנט מאכען מיט זיין געשיכטע.
7. **בעלעטריסטישע ביבליאטהעק.** ערצעהלונגען פון יודישען און וועלטליכען לעבען.
8. **ציוניסטישע ביבליאטהעק.** א סעריע בראשורען וועגען ציוניזם און זיינע פיהרער.
9. **יודישע פרויען - ביבליאטהעק.** פערשיעדענע ביכער פאר יודישע פרויען, וואס וועלען זיי נוטצען ביים קינדער־ערציעהען, אין דער בעל־הבתי'שקייט און אין לעבען.
10. **יודישע צייטונגען.**

אדרעסע:

**Книгоиздат. „ТУШІЯ“ для „Фолксбилдунгъ“, Варшава.**

**Verlag „Tuschijah“ für „Volksbildung“, Warschau.**

מינדליך: ווארשא, נאוואליפקי, הויז № 7, וואהנונג 9.





Herausgeber Verlag »Volksbildung«. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v. S. L. Deutscher, Podgórze b. Krakau